מושה גלאוזער














# שבת

לכה דודי

שבת,
שבת,
שבת.

דאַכט מיר, אַז מלאָכים שוועבן
אין יעדן ווינקעלע פון הויז;
ווען מיין מאַמע בענטשט אָפּ ליכט
און זאָגט: „גוט שבת" נאָר אַרויס.

און ווען מיין טאַטע נעמט זיך זאָגן:
„שלום עליכם מלאכי השרת"
בין איך זיכער, אַז ביי אונדז,
איז מיט מלאכים פול די הויז.




שבת
שבת,
שבת.

פילט מיין טאַטע אָן דעם בעכער,
מיט ווייסן, אָדער רויטן וויין.
דאַכט מיר, אַז די שכינה גיסט
אויף אונדז אַלעמען איר שיין.

און ווען מיר נעמען זמירות זינגען:
„כל מקדש שביעי כראוי לו"
בין איך זיכער, אַז אין הימל
זינגען די מלאָכים אויך אַזוי.

שבת, שבת, שבת!

לקראת כלה

משה גלאָזער

## מה נשתנה

פסח — געפעלט מיר בעסער
פון אַלע ימים־טובים:
פסח — פראַוועט מען סדרים
מיט משפחה און מיט קרובים.

פסח — ווערט אונדזער טיש
מלכותדיק געגרייט;
מיט מצות, כוסות, אַרבע־כוסות
אויף זיין פולער לענג און ברייט.

מיין טאַטע זיצט אָנגעלענט
אויף אַן הסב־בעט,
ווי אַ מלך אויף זיין טראָן.
מיין מאַמע זיצט לעבן טאַטן
ווי אַ מלכה —
אויך אויבן־אָן.

און פאַר אונדז קינדער
מאַכט מען פסח
אויך אַ גרויסע וואַרע,
מע זעצט אונדז אויס
ביי דעם טיש — נאָענט
צו מיין טאַטנס קערה.

זעען אַלע קינדער,
ווי מיין טאַטע פראַוועט . . .

— — — — — — — — — — — —

קוועל איך אַן דערפון —
ס'טוט מיר שטאַרק הנאה
וואָס איך בין מיין טאַטנס זון.

און גיי אין זיינע וועגן
און קאָן די קשיות פרעגן
מיט אַן אמתדיקן
הגדה ניגון.

הלילה הזה?

משה גלאַזער

### מרור

מרור איז ביטער—
ביטער ווי כריין.
עס איך ניט קיין מרור
און אויך ניט קיין כריין.
וויילביידע זיינען ביטער
און איך בין נאָך קליין.

### חרוסת

חרוסת איז - - -
קוקט אויס ווי ליים.
קרייטעכצער בלויז
רירט מיין טאַטע
צו צו דעם . . .

# מצות

מצות זיינען דין.
— — — — — — — —
פסחדיקע מצות
מאַכט מען נאָכ'ן דין:

וואַסער און מעל
פאַרקנעט מען אויף שנעל:
אָן זאַלץ,
אָן שמאַלץ,
אָן אייער,
אָן הייוון
אַ קאַטשע,
אַ רעדעל—
און צום שיבער
אין אויוון . . .

מע מאַכט דאָס אויף גיך,
אויף אינדערגיך—

אַ קנעט—
אַ קאַטשע—
אַ רעדעל—
אַ שיב . . .

עס טאָר ניט געדויערן,
עס זאָל ניט חמצן-זויערן.

אַזוי איז דער דין —
זיינען
מצות
דין.

### כוסות

פון כוסות—
טרינקט מען פסח
אַרבע כוסות.

### אַפיקומן

נאַשערייען אַלערליי,
וואָס האָבן אַלע טעמ'ן
קריג איך פאַר אומקערן
מיין באַהאַלטענעם
אַפיקומן.

# ל״ג בעומר

## רבי שמעון בן יוחאי

אַ פיילנבויגן קריג איך
ווען עס קומט ל״ג בעומר.—
פון שולע נעמט מען אונדז אַרויס
אויפן גראָז צווישן ביימער.

דאָרטן פּראַוועט מען אַ סעודה.—
אַ שותּפותדיקע ווערט געמאַכט
פון אַלע בינטעלעך מיט שפּייזן
וואָס די קינדער האָבן מיטגעבראַכט.

ביי דער סעודה ווערט דערציילט
מעשׂות פון ל״ג בעומר

## הדלקה

## רבי עקיבא

געשעענישן אין ארץ-ישראל,
ווען ס׳האָבן באַצווינגען זי די רוימער.

נאָכדעם הייבן מיר אָן
דאָס ל״ג בעומר שפּיל--
מיר ציען אָן די פיילן
און לאָזן זיי אין ציל.

צעפליִען זיך די פיילן —
פייל אויסן בויגן—
ביז דער פריילעכער ל״ג בעומר
ווערט מיט זיי פאַרפלויגן . . .

## ספירה

משה גלאַזער

# שבועות

אַקדמות מילין

ווען מע הויבט אָן לערנען
מגילת רות
ווייס איך
אַז עס דערנענטערט זיך
דער שיינער יום-טוב שבועות.

פאַר שבועות
פוצט מיין מאַמע אויס
ביי אונדז
די גאַנצע הויז
מיט גרינע צווייגן,

גרינע בלעטער;
וואו-ניט-וואו אַ בלום,
וואו-ניט-וואו אַ רויז
און איך — העלף איר
אויך אַרויס.

איך באַשפּריינקל
יעדעס ווינקל
מיט אַביסל גראָז . . .
לכבוד
דעם שיינעם יום-טוב שבועות.

ושריות שותא

משה גלאַזנער

# תשעה - באָב

## שבעה-עשר בתמוז

א י כ ה
י ש ב ה
ב ד ד - - -

צעוויינט זיך
תשעה-באָב
די גאַנצע
שטאָט. - - -

אַלע קלאָגן
מיט ילולות
אויף חורבן
בית-המקדש
אויפן לאַנגן
יידישן גלות.

מיר קינדער—
כאַטש מיר ווייסן
אַ ל ע ס — — —
אַז פאַר אונדזערע
זינד— — —
האָט מען פאַרטריבן
אונדז
אין ג ל ו ת.

דאָך:—
זינדיקן מיר
ווידער— — —
מיר הערן זיך
ניט צו—

## ניין טעג

## דריי וואָכן

צו די ק י נ ו ת,
די טרויעריקע
א י כ ה לידער.

נאָר:—
מיר שפילן זיך
מיט בערעלעך
גאָר
און פלאָנטערן זיי
איינער אין אַנדערנס
האָר.

דערפאַר
ווערן מיר
די אמתע

א ב י ל י - צ י ו ן.
— — — — — — —
ווען מע הויבט אָן
די ב ע ר ע ל ע ך
פון אונדזערע
קעפעלעך
ציען —
אַרויסציען . . .

ת ב
ש אָ
ע אָ
ה אָ.
ה ב.

## עשרה בטבת

משה גלאַזער

# ראש השנה

## תקיעה

ראש השנה —
אָנהויב יאָר.

פון ראש-חודש אלול אָן,
נעמט מען שאַלן, בלאָזן שופר,
„ראש השנה“—קומט שוין אָן.

ראש השנה —
לשנה טובה,

בלאָזט מען שופר און מען שאַלט.
טאַטעס, מאַמעס אין די שולן,
זאָגן תפילות מיט אַ גוואַלד. . .

## תרועה

## שברים

בראש השנה —
יכתבון.

זאָל מען דאָרטן אונז פאַרשרייבן
אַז מיר זאָלן — אַ ל ע  י י ד ן,
כאָטש נאָך איין יאָר דאָ פאַרבלייבן...

און מיר קינדער
העלפן אונטער:

צו דעם רעש און צו דעם טומל,
אַז מע זאָל אויך  א ו נ ד ז  דערהערן
מיט די תפילות דאָרט אין הינמל.

## תקיעה גדולה

משה גלאַזער

# יום כפור

כפרות

כל נדרי

יום
צום
כ פ ו ר —
אַלע פאַסטן
אום י ו ם - כ פ ו ר.
אַלע — ביי אונדז
אין הויז — — —
וואָס זיינען שוין
געוואָרן גרויס: —

בלויז איך
אַליין,
ווייל איך
בין נאָך
ק ל י י ן,
עס איך,
טרינק איך
ג ל י י ך

ווי יום-כפור
וואַלט
אויף דער וועלט
גאָרנישט
ניט געווען.

ערשט:
ווען איך וועל
ווערן גרויס
פונקט ווי אַלע
ביי אונדז אין הויז:

י ו ם
צ ו ם
כ פ ו ר
וועל איך פאַסטן
דאַן
אום יום-כפור.

## ד ו כ נ ע ן

הילט מיין טאַטע זיך אין טלית,
היל איך זיך אויך מיט אים.
מיין טאַטע הייסט אין מחזור קוקן
און ניט צו די כ ו ה נ י ם .

„ווער עס קוקט,“ זאָגט מיין טאַטע,
„סיי אַן אַלטער, סיי אַ קינד,
אויף די הענט פון די כוהנים —
קאָן חלילה ווערן בלינד.

„ווען מע דוכנט, רוט די שכינה
ביי די כ ו ה נ י ם אויף די הענט,
און אפילו ביי די ל ו י י ם
ווערן פון קוקן די אויגן פאַרבלענדט.

„שוין אַ כל־שכן ביי י ש ר א ל י ם,
ווי דער זיידע, דו און איך. . .
— — — — — — — — —
מיר קאָנען טאַקע פון דעם אָפשיין
ווערן בלינד זייער גיך.“

עבודה

נעילה

משה גלאַזנער

# סוכּות

הושע-נא

באַלד נאָך יום-כּפּור
נעמט מיין טאַטע אַ סוכּה בויען.—
איך עס דאָך אויך אין סוכּה,
העלף איך אים זי מייסטרעווען און סטרויען.

אתרוג בענטשט מען סוכּות
מיט ישראלדיקע אתרוגים און לולבים.—
איך בענטש אויך אתרוג—
ביז נאָך די סוכּותדיקע ימים טובים.

הושענה-רבה שלאָגט מען הושענות—
געמאַכט פון צווייגלעך פון ערבה בוימער.—
שלאָג איך אויך אַ הושענא
און שריי ווי אַלע: „קול מבשר, מבשר ואומר.“

גואלנו

למענך

שמיני עצרת
מאַכט מען קידוש נאָך אין סוכּה
און מע געזעגנט זיך שוין אָפּ מיט איר.
איך קריג מיין שמחת-תורה פאָן
וואָס מע האָט אָנגעגרייט פאַר מיר.

שמחת-תורה
גייט מען מיט הקפות
און די אמתדיקע שמחה הייבט זיך אָן:

אַלע זינגען, שפרינגען,
טאַנצן מיט דער תורה.
טאַנץ איך מיט מיט זיי
און פאָכע מיט מיין פאָן.

הושע-נא



משה גלאזנער

# חנוכה

אלף — 1

יוד־אלף — 11

## קוויטלעך

פערצן איין־און־דרייסיק
שפּילט מען — שטיל געמיטלעך.
גויים שפּילן קאָרטן,
אָבער יידן שפּילן קוויטלעך.

קאָרטן קאָן מען קויפן
אַז מע וויל באַצאָלן;
קוויטלעך אָבער מוז מען מאַכן —
מען מוז אַליין זיי מאָלן.

צו דעם ערשטן חנוכה־ליכטל
מאַך איך מיינע קוויטלעך פאַרטיק.
איך מאָל זיי מיט פאַרשידענע קאָלירן
און זייער אייגנאַרטיק

פערצן־איין־און־דרייסיק
שפּילט מען שטיל־געמיטלעך;
גויים שפּילן קאָרטן,
אָבער יידן שפּילן קוויטלעך.

## אַ בייטעלע

נעמט מיין מאַמע
אַ שמאַטקעלע
פון אַן אַלטן מלבוש
אַ לאַטקעלע
און נייט:
— זייטעלע,
צו זייטעלע —
פאַר חנוכה־געלט
אַ בייטעלע.

כף־אלף — 21

למד־אלף — 31

משה גלאזנער

# חנוכה

מתתיהו החשמונאי

## דאָס דריידל

איך דריי דאָס דריידל
רונד אַרום,
פאַלט דאָס דריידל
אויף דער „נון“.
נ ס
נ ס
נ ס !

דריי איך ווייטער
פול מיט טומל,
פאַלט דאָס דריידל
אויף דער „גימל“.
ג ד ו ל
ג ד ו ל
ג ד ו ל !

דריי איך אַלץ,
דריי און דריי
פאַלט דאָס דריידל
אויף דער „הא“.
ה י ה
ה י ה
ה י ה !

דריי איך ווידער
הער און הין,
פאַלט דאָס דריידל
אויף דער „שין“.
ש ם
ש ם
ש ם !!!

נ ס ג ד ו ל ה י ה ש ם.

יהודה המכבי

משה גלאָזנער

חנוכּת־ הבית

# ליכטעלעך

צינדט מיין טאַטע ליכטעלעך,
אַ שמשל און איינס —
דערציילט ער מיר פון חנוכה
אַ מעשהלע אַ שיינס.

צינדט מיין טאַטע ליכטעלעך,
אַ שמשל און צוויי—
ברייינגט ער מיר אַ דריידעלע,
דריי איך דאָס און דריי.

צינדט מיין טאַטע ליכטעלעך,
אַ שמשל און דריי—
אַ שמשל און פיר—
און זייער אַ סך חנוכה-געלט
גיט מיין טאַטע מיר.

צינדט מיין טאַטע ליכטעלעך,
אַ שמשל און פינף—
אַ שמשל און זעקס —
קומען צו אונדז קרובים
אויף לאַטקעס און געבעקס.

צינדט מיין טאַטע ליכטעלעך,
אַ שמשל און זיבן—
איז ביי מיר פון חנוכה-געלט
שוין גאָרנישט ניט געבליבן.

צינדט מיין טאַטע ליכטעלעך,
אַ שמשל און אַכט —
איז שוין אויס מיט חנוכה
שוין די לעצטע נאַכט.

פך שמן זית

משה גלאַזנער

# חמישה-עשר

קרן קימת

חמשה-עשר
חמשה-עשר
פופצן טאָג
אין חודש שבט —
איז ראש השנה
ביי די בוימער,
פון בראשית
אַ געבאָט.

קומען קינדער
זיך צוזאַמען
צו׳ן אַ סעודה
אין דער שול.

עסט מען באָקסער,
פייגן, טייטלען —
פירות פון ישראל.

און מע טאַנצט,
און מע פלאַנצט,
ווי חלוצים
אין ישראל.

כאָטש מיר זיינען
קינדער —
קינדער בלויז
פון דער שול.

קרן היסוד

משה גלאזער

# פורים

אסתר המלכה

## מיט די גראַגערס



מיט די גראַגערס,
מיט די קלאַפּערס,
מיט די טומלערס
אין די הענט!

שטייען קינדער
אין די שולן
מיט די אויערלעך
צעווענדט.—

צום באַלעמער,
צום בעל-קורא,
צו די ווערטער,
וואָס ער לייענט,

צו דערכאַפּן,
צו דערטאַפּן
המן הרשע,
וואָס מ׳מיינט.

לייענט דער קורא
די מגילה,
ווערטער, ווערטער,
וואָרט ביי וואָרט:
גדל המלך
אַ ח ש ו ר ו ש...
שפּרינגען קינדער
פונ׳ם אָרט.

טומלען טומלערס,
קלאַפּן קלאַפּערס,
און די גראַגערס:
— גראַ-גראַ-גראַ!

גוואַלדן קינדער,
שרייען קולות:
המן הרשע, רשע, רע!

שלח מנות

משה גלאָזנער

# פורים

מגילת־ אסתר

אינדיק, אינדיק:
ווען איז פורים?
אדר, אדר, אדר—או,
פערצן טאָג אין חודש אדר
אין אַ גוטער שעה.

אינדיק, אינדיק:
ווארום איז פורים?
אדר, אדר, אדר—או,
אַ גרויסער נס איז געשען
אין שושן הבירה.

אינדיק, אינדיק:
וועלכער נס?
אדר, אדר, אדר—או,
אַ מפלה האָט געכאַפּט
המן - הרשע - הו.

אינדיק, אינדיק:
דערציייל פאַרוואָס?
אדר, אדר, אדר—או,
ער האָט געוואָלט צו אַלע יידן
טאָן אַ גרויסע רעה—הו.

אינדיק, אינדיק:
פון וואַנען ווייסטו?
אדר, אדר, אדר—או,
ווייל זינט נס פורים איז געשען,
זינג איך אדר,

אדר,

אדד,

אדר-או!

אסתר־ תענית

משה גלאזער

# בר-מצוה

תפילין טלית

ווער איך אַלט דרייצן יאָר—
וועל איך בר-מצוה ווערן.—
זאָגט מיין טאַטע, אַז איך נעם
אויף זיך אַן עול אַ שווערן:

תרי"ג מצוות צום מקיים זיין
און קיין עברות ניט צו טאָן,
ווייל אי דער „שכר", אי דער „עונש"
נאָך בר-מצוה פאַנגט זיך אָן.

אַרט מיך ניט, וואָס אַנגעגרייט
ס'איז אין הימל, דאָרט, פאַר מיר. . .
צו דער בר-מצוה וועל איך אָבער
מתנות קריגן אַן אַ שיער. . .

ברוך שפטרני

משה גלאַזער





משה גלאַזער

# Shabbos, Yom-Tov, Chol-Hamoed

*By* MOISHE GLASER — *Cover by* B. MALCHI

אינהאַלט:



## שבת - יום-טוב - חול-המועד

פון משה גלאַזער

הילע — ב. מלחי

### אַ מתנה..

מיין ליבער פרוי חייקע

זאָל דאָס נשמה־יתירה׳דיקייט
פון אונדזערע ש ב ת י ם,
י מ י ם ־ ט ו ב י ם
און חול־המועדן
וואָס מיר האָבן געפלאַנצט
אין די הערצער
פון אונדזערע זין און טעכטער
— זיך ניט אָפּטאָן פון זיי —
און זייערע משפחות,
פונקט ווי פון אונדז . . .

מ ש ה



### אַ ד אַ נ ק . . .

איך דאַנק אייך, ליבע קינדער: פּרויקע שרהקע, בנימין און מאַמציע; אַ באַזונ־דערן דאַנק אייך, מיינע צוגעקומענע קינדער: ש. הערשבערג, שולע, עטעל און ש. קאהן, פאַר דער מ ת נ ה צו מיין 65טן געבוירנטאָג, וואָס האָט דער־מעגלעכט אַז עס זאָל דערשיינען אָט־דאָס ערשטע ה ע פ ט ק י נ ד ע ר־ל י ד ע ר . . . וואויל איז דעם טאַטן מיט דער מאַמען, וואָס זיינען גע־בענטשט מיט אַזעלכע קינדער . . .

גרייט צום דרוק:

- לוסטיק, לעבעדיק און פריילעך
- פראַנק און פריי!
- פאָרטרעטלעך
- קינדער־שפּיל
- בראשית— פון בראשית

16 זייטיקע העפטן פון מיין בוך:

„קליינע קינדער׳ס וועגן"


*Published by* FARLAG "MOSHE" - 1510 So. Stanley Ave. - Los Angeles 19, Calif. - PRINTED IN U.S.A.

מיט באַשטעלונגען זיך ווענדן לויטן אַדרעס.

ATLAS TYPESETTING CO.
406 So. Main St., L. A.

108

Printed by
A. & G. PRESS, INC.